הײנט 10 זײטען · Radomer-Kielcer Leben 2 (443) · „Należytość pocztową uiszczono ryczałtem" · IX-טער יאָהרגאַנג · פרײז 25 גראָשען

# ראַדאָמער-קעלצער לעבען

Radom, dnia 13 Stycznia 1933 r.
ראַדאָם, פרײטאָג ט"ו שבט תרצ"ג

Redakcja i Administracja
Radom, Szwarlikowska 20

*Oddział w Kielcach.*

אנאָנסען - פרײז:
אין מיליסעטער שורה: פארן טעקסט 40 גר.
. . . אין . 5 .
. . . נאָכ'ן . 25 .
די 1-טע אין לעצטע זײט ענטהאַלטען
8 שפאַלטען
אין טעקסט 4 .













## דאַנקזאָגונג.

דערמיט דריק איך אויס מײן טיפסטען דאנק דעם האָנדווערקער-קלוב פאר זײן ערנסטער פעראינטערעסירונג און בײהילפיגקײט מיך ארויס-צושיקן אין הײל-סאנאטאָריום „מרפא" אין אָטוואָצק. בעזונדערס דאַנק איך די אײנאָרדנער פון קאָנצערט אין קלוב לטובת מײן וױיטערדיגער הײלונג.

מיט אכטונג
יעקב מיכאל פרידמאַן.

א הערצליכען מזל-טוב
וואינשען מיר אונזער ברודער זוהן
ה' מ. זילבערבערג
צו זײן חתונה מיט
פרל' ט. גאָלדפאַרב
וועלכע איז פארגעקומען אין קיעלץ.
מנשה זילבערבוים מיט פרוי, לובלין.

# פאַרוואָס צאָהלט מען נישט קיין דירה-געלד?

אויב די רעגירונג וועט זיך איצט נישט ענטשליסען אראָפּצוזעצען דאָס דירה-געלד מיט א 40-50 פּראָצענט אזוי קאָן מען שוין היינט פּאָראויסזאָגען, אז בערך 60 פּראָצענט פון אַלע לאָקאטאָרען וועלען אין די נאָהנטסטע חושים בכלל נישט זיין בכח צו צאָהלען קיין דירה-געלד נאָר ליבער איינגעהן אויף א געריכטס-פּראָצעס וועגען א עקסמיסיע.

נישט איינמאָהל האָט מען אין דער לעצטער צייט לאַנסירט ידיעות, אז די רעגירונג ארבייט אויס א פּראָיעקט פאר'ן סיים לויט וועלכען דאָס דירה-געלד זאָל אראָפּגעזעצט ווערען מיט 25—40 פּראָצענט, געגען דעם דאָזיגען פּראָיעקט האָבען די בעלי-בתים אונטערגענומען א אקציע נאָך איידער ער האָט דערזעהן די ליכטיגע שיין. דער הויפּט-ארגומענט, וועלכען די בעלי-בתים האָבען ארויסגערוקט איז געווען, אז די בעלי-בתים צאָהלען גרויסע שטייערען און אויב מען וועט איצט אראָפּזעצען דאָס דירה געלד אזוי וועלען זיי נישט קאָנען דערפילען די דאָזיגע פליכט. דער ארגומענט האָט, ווייזט אויס, בעדאַרפט זיין א שטראַשאַק פאר דער רעגירונג, וועלכע שרעקט זיך גענוג פאר א פערקלענערונג פון די שטייער הכנסות.

עס לאָזט זיך נישט זאָגען אויף וויפיעל דער שטייער-ארגומענט האָט בעאיינפלוסט די רעגירונג, וועלכע האָט זיך נאָך ביז היינט נישט ענטשלאָסען אריינצוטראָגען אין סיים א געזעץ-פּראָיעקט וועגען דירה-געלד, איינס איז זיכער, דער ארגומענט, אז די בעלי-בתים און די מלוכה-קאַסע וועלען ליידען. ווען דאָס דירה געלד וועט אראָפּגעזעצט ווערען — איז פאלש.

פערשטעהט זיך, עס וואָלט נישט געווען קיין אומגליק ווען די הכנסות פון די בעלי בתים און פון דער מלוכה-קאַסע פון דירה-געלד זאָלען פאלען אויף א 50 פּראָצענט און מיט אזוי פיעל לייכטער מאכען די לאָקאטאָרען דאָס לעבען אין א צייט ווען די די הכנסות פון דירה געלד-צאָהלער זענען אין בעסטען פאל מיט א 50 פּראָצענט נידריגער, ווי מיט א פּאָר יאָהר צוריק, ווען די דירה געלד סטאַווקע, וועלכע פערפליכטעט היינט, איז אין איהר גאַנצער הייכקייט אריינגעטרעטען אין קראַפט.

דער פּשוטסטער שכל פון א דורכשניטליכען מענש קען דאָס גאר נישט בעגרייפען. אז למשל א קליין-קרעמער, וועלכער האָט מיט א 3 2 יאהר צוריק געלייזט אין זיין געוועלבעל 50—60 זל. א טאָג און געצאָהלט דירה-געלד בערך צוויי מיט א האַלבען ביז דריי זלאָט עס א טאָג, אז דער דאָזיגער סוחר, וועלכער לייזט היינט 10-20 זל. א טאָג זאָל צאָהלען דעם בעל-הבית דאָס דירה-געלד אין דער זעלבער הויך ווי מיט 2—3 יאָהר צוריק.

דאָס, וואָס עס איז געזאָגט געוואָרען איז אויך נוגע און זיכער אין א פיעל גרעסערער מאָס, דער ארבייטער, האנדווערקער, אנגעשטעלטען, בוכהאַלטער א. א.וו.

צי איז מעגליך, אז מענשען וועלכע פערדינען היינט מיט נויט-שווייס 2—3 זל. א טאָג זאָלען זייער לעצטע גראָשען אָדרויסטראָגען פּינקטליך צום טערמין דעם בעל-הבית.

דאָס לעבען איז שוין נישט איינמאָל אריבערגעגאַנגען צו דעם טאָג אָרדנונג איבער געזעצען און אָבמאַכען, וועלכע לאָזען זיך נישט אנווענדען.

דאָס דירה געלד, וועלכעס די לאָקאטאָרען זענען היינט מחויב לויט דעם געזעץ און לויט אָבמאַכען צו צאָהלען שטעהט נישט אין קיין שום פערהעלטעניש צו די הכנסות פון דעם צאָלער.

אָבער מיר ווילען איצט נישט רעדען פון יושר און פון דעם וואָס עס וואָלט געראָרפט זיין.

מיר ווילען נאָר אנווייזען, אז דאָס אראָבזעצען פון דירה געלד וועט ברענגען נוצען און קיין שאָדען די בעלי-בתים און דער מלוכה-קאַסע. מיר זענען איבערצייגט, אז דער גרויסער רוב פון די לאָקאטאָרען וואָס צאָהלען בכלל נישט קיין דירה-געלד, וועלען ווידער ווערען פּינקטליכע צאָהלער ווען מען וועט זיי געבען די מעגליכקייטען דערצו.

דער איינציגער אויסוועג איז פערקלענערען דאָס דירה-געלד מיט אזוי פיעל, מיט וויפיעל עס זענען געפאַלען די הכנסות פון רוב לאָקאטאָרען.

מיט יעדען טאָג וואַקסט אַלץ מעהר די צאָהל פון די לאָקאטאָרען, וועלכע צאָהלען נישט קיין דירה-געלד.

די געריכטען ווערען אַלץ מעהר פערשיט מיט אנקלאַגעס וועגען דירה-געלד און איוויזאַביעס. די פּראָצעסען מעהרען זיך פון טאָג צו טאָג, און ארויסצובעקומען א עקסמיסיע אויפ'ן לאָקאטאָר איז וואָס אמאָהל שווערער. עס פערגעהען יאָהרען ביז מען דערפיהרט אזא פּראָצעס צו א סוף.

אין דער פּראַקטיק האָט אזא „געוואונענער" פּראָצעס פאר'ן בעל-הבית אָפט אזוי פיעל א בעדייטונג וואָס א חוץ דעם, וואָס ער האָט יאָהרען לאַנג נישט בעקומען קיין גראָשען דירה-געלד האָט ער נאָך דערלעגט געריכטס-קאָסטען, וועלכע ער וועט קיינמאָל נישט צוריקבעקומען פון דעם לאָקאטאָר.

די לעזונג פון דעם פּראָבלעם, פערשטעהט זיך, ליגט נישט אין די הענד פון די בעלי בתים. נאָר הענגט אָב פון דער רעגירונג.

און עס איז אינטערעסאַנט: בשעת מען האָט אראָפּגעזעצט דאָס דירה-געלד וועלכעס מען צאָהלט היינט פאר לאָקאַלען, וואָס די מלוכה דאַרף פאר איהרע צוועקען מיט איבער 50 פּראָצענט, טוהט מען גאַרנישט ווען עס האַנדעלט זיך אין לאָקאטאָרען וואָס דאַרפען אויסהאַלטען די מלוכה.

צי וואָלט שוין נישט צייט געווען איינצוזעהען, אז עס ליגט אין אינטערעס פון דעם בעל-הבית, און פון דער מלוכה קאַסע. אז דאָס דירה געלד זאָל ראַדיקאַל אראָפּגעזעצט ווערען.

ל.

# מיר איז בעסער...

## פעליעטאָן געווידמעט די צוגעקומענע באַלעבעסלעך פון די לעצטע וואָכען אין ראַדאָם.

כאַפּט מיך אָן א בעקאַנטער, און ער נעמט מיך אין דער ארבייט אריין.

— האָסט געהערט די נייעס? ניין? נישט געהערט? חיים האָט דאָך פּאָריגע וואָך חתונה געהאָט; יאָ, גענומען א מיידעל מיט פינף הונדערט דאָלאַר, אזוי זאָגט ער; נאָר מאַלע וואָס ער זאָגט! עס קען זיך ארויסווייזען, אז נישט זי איז א מיידעל, נישט זי פערמאָגט קיין 100 גר.

איהר ווייסט דאָך שוין היינטיגע צייטען; נאָר וועמען ארט עס? ווען אפילו אַלץ וואָס ער זאָגט זאָל זיין אמת איז איהם אויך נישטאָ וואָס מקנא צו זיין; אזוי צי אזוי, מוז ער פערלירען זיין ביסעל פרייהייט, זיין ביסעל פרייליכקייט, און אזעלכע זאַכען זענען מעהר ווערט ווי מיליאָנען; נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט אזוי פיל גאָלד אזוי פיל אוצרות וואָס זאָלען קאָנען בעצאָהלען פאר דאָס ביסעל פרייהייט וואָס א נאָש-בראַט פערלירט אונטער דער חופּה!

די פיר חופּה-דרענגלעך זיינען א סך ערגער ווי פיער תליות א סך ערגער; נאָר גיי מאַך מיט די יונגעלייט, אז זיי האָבען קיין שכל נישט! אז עס פעלט זיי פערשטאַנד; און פערשטאַנד קען מען נישט קויפען. דאָס איז א טייערער ארטיקעל; אפשר נאָך טייערער פאר דער פרייהייט.

און געזאָגט האָט ער מיר אַלע מאָל:

„איטשע, איך וועל זיך מיט גאָטס הילף נישט בענארישען ווי איהר און מיין טאַטע און אַלע אַנדערע טאַטעס פון דער וועלט האָבען זיך בענאַרישט; איך וועל קיינמאָל נישט חתונה האָבען; איך זאָל אפילו וויסען צו בלייבען א בחור מיין גאַנץ לעבען; און אז איך זאָג ניין, איז ניין.

און ער האָט טאַקע געהאַלטען וואָרט א לענגערע צייט; אַלע זיינע ברידער און שוועסטער און חברים האָבען שוין לאַנג חתונה געהאַט, האָבען שוין היבשע קינדער; זיי זענען שוין לאַנג לאַנג אויף צרות. האָבען שוין מיטגעמאַכט אַלערליי קרענקען. האָבען שוין אוועקגעגעבען פערמעגענס פאר דאָקטוירים און קימפּעטס און ברית'ן און אנדערע פאַרדרייעניש'ען; און ער, חיים, האָט פון אַלעמען געלאַכט. זיך געוויצעלט איבער אונז: „איהר האָט זיך אליין גענומען דעם שטריק אויפ'ן האַלז" — האָט ער געזאָגט — „קיינער איז אייך נישט שולדיג, ווי איינער בעט זיך אויס אזוי שלאָפט ער! איהר האָט געוואָלט האָבען ווייבער, זענט איהר איצט אויף צרות".

אט אזוי-אָ האָט ער זיך געוויצעלט און זיך געדרייצט מיט אונז. דער גרויסער חכם; איצט האָט זיך דערזעלביגער גרויסער חכם אליין בענאַרישט! איצטער איז אונז שוין בעסער פאר איהם; מיר האָבען שוין אונזערס איבערגעקומען, זיך שוין צוגעוואוינט צום יאָך, צו דער טאַכע, צום פערהייראַטען לעבען; מיר האָבען שוין, ווי מען זאָגט געפּאַקט און געמאַזעלט, און ער איז נאָך א פּריץ אין די זאַכען; ער איז מיט גאַנצע 22 יאָהר חינסערשטלינג; יאָ ער געהט ערשט חתונה האָבען און איך בין שוין פערהייראַט 22 יאָהר; מיר זענען אין די זעלבע יאָהרען; און איצט ווען ער איז שוין האַלב גרוי און בעקנייטשט און אָפּגעלעבט — איצט נעמט ער אויף זיך א יאָך, אזא אומ-

# א יודישער עמיגראנט מיט א סך קינדער · איז א יחסן אין פראנקרייך

פון **ד. איינהארן.**

גלייך נאך דער מלחמה האבען די ידען פון ליטע, פוילען, רומעניען גענומען מאסענווייז איבערוואנדערען קיין פראנקרייך.

וויפיעל פון זיי עס זענען אריינגעקומען פאר די צוועלף דרייצען יאהר איז אומבאקאנט. אין פאריז רעכנט מען ארום הונדערט טויזענט. נאר ווען מען פארט ארויס אין דער פראווינץ, זעט מען ערשט, אז אין די שטעט און שטעטלעך, וואו עס איז פריער קיין יודישע פוס ניט געווען, זיצען שוין פעסט גאנץ בעדייטענדע געמיינדעס, וואס כאפען אריבער די צאל פון טויזענד.

איך וויל דא שילדערן אייניגע טיפען, וועלכע איך האב באגעגענט אויף מיין רייזע דארטען.

די פראווינץ וואס די פרייסען האבען צוגענומען ביי פראנקרייך אין יאהר 1870, און נאכ'ן פרידן פון יאהר 1918 איז זי אריבער צוריק צו פראנקרייך די עלזאסער זענען פון דייטשער אפשטאמונג, און זיי רעדען א לשון, וואס איז זייער נאענט צו יודיש; די הויפט-שטאדט פון עלזאס און שטראסבורג, מיט הונדערטער יאהרען צוריק האבען דארטען געוואויגט א סך יודען; נאך איצט עקזיסטירט אין דעם אלטערטייל פון שטאדט די יודישע געטא וואס הייסט „יודען-שטראסע".

מיט עטליכע הונדערט יאהר צוריק האט מען א טייל יודען ארויסגעטריבען פון שטראסבורג, און א סך פון זיי האבען איבערגעוואנדערט קיין פוילען.

— ווי לאנג וואוינט איהר דא שוין? פרעג איך א שטראסבורגער יודען.

— מיט אנ' איבעררייס פון א פאר הונדערט יאהר וואוין איך שוין דא גוטע אכט הונדערט יאהר

— עס איז גוט גערעדט — זאג איך איהם — אבער איהר זעהט ניט אויס צו זיין אנ' עלזאסער יוד.

דעם אמת זאגענדיק — הויבט אן דער יוד, — שטאם איך פון א קליין שטעדטעל פון פוילען, ווי מיין עלטער-עלטער-זיידע איז שוין געבוירען געווארען, אבער אונזער פאמיליע הייסט שטראסבורגער. און ביי אונז אין פאמיליע דערצעלט מען, אז מיט א פאר הונדערט יאהר צוריק זענען מיר געקומען פון עלזאס קיין פוילען. איצט פערשטעהט איהר מיך שוין?

—און רעדיבער זענט איצט געקומען אין שטראסבורג?

– ניין, זאגט ער, — פון פוילען בין איך גאר אוועקגעפאהרען אין ארגענטינע. דארטען איז אבער גיט געווען קיין פרנסה. בין איך אוועק און כ'האב ארומגעוואנדערט וואו די וועלט האט אן עק ענדלעך האט מיר מיינער א שוועסטער-קינד אראפגעבראכט קיין פאריז. דארטען האב איך זיך אפגעמוטשעט א פאר יאהר און אלץ ניט געקאנט באהערשען די שפראך און עס איז געווען זייער ביטער. איינמאל טרעף איך א יודען פון מיין שטעטעל, וואס וואוינט אין שטראסבורג, זאגט ער מיר: „צי וואס דארפסטו זיך מאטערען מיט פראנצויזיש, אז דארטען קענסטו גוט אויסקומען מיט יודיש אמת די גויים רעדען דארטען א ביסעל ווי די ליטוואקעס.– „פארן „יארן", „גנבארן", נאר זאל דיר דוכטען, אז דו ביסט אין ווילנע צווישען די ליטוואקעס די צלם-קעפ'. אויסערדעם טראגסטו דאך זיך א שיינעם נאמען, ווי „שטראסבורגער". וואס זאלען מיר א סך ברייען? איך האב איינגעפאקט מיין פעקעל און בין געקומען אהער דא. גאט צו דאנקען האט זיך איינגעגעבען, און איך האב פרנסה.

שפעטער האב איך זיך באקענט מיט זיין הויזגעזינט· איין בחורל געהט שוין אין שטראסבורגער גימנאזיע. עס וועט ניט פארגעהן קיין צען יאהר און ער וועט ענדיגען אויף דאקטאר, וועט התונה האבען מיט א טאכטער פון אנ' אלטער שטראסבורגער יודישע פאמיליע. און מיט דער צייט וועט די פאמיליע שטראסבורגער פערגעסען, אז זיי האבען זיך אויף א פאר הונדערט יאהר ארויסגעכאפט פון שטראסבורג, כדי איבערצווארטען די שלעכטע צייט.

יא, מיר זענען א מערקווירדיג פאלק עס קען אמאל טרעפען, אז שלמה גראדנער, אדער חיים בערדיטשעווער זאל זיך אומקערען פון מילאווקי אדער נוי-חייווען צוריק אין גראדנע אדער בערדיטשעוו און אויך מיט א פערשפעטיגונג פון א פאר הונדערט יאהר.

— דאס מאהל, זאגט מיר דער זוהן פון משה שטראסבורגער — וועלען מיר שוין בלייבען אין שטראסבורג. מעהר קיין אינקוויזיציעס וועלען שוין נישט זיין. צוריק וועט די מענשהייט נישט גיין נאר פאראויס.

• • •

אין א שטילען פראנצויזישען שטעטעל האבען זיך בעזעצט עטליכע הונדערט יודען פון פוילען. זיי זענען געקומען אהער נאך א לאנגער וואנדערונג איבער פערשידענע לענדער.

און עס איז מערקווירדיג. ווי טהייליך דער דאזיגער לעבען פון די יודישע איינגעוואנדערטע איז צו דעם לעבען פון די איינגעוואנדערטע יודען אין א אמעריקאנער פראווינץ-שטאדט. דא קענט איהר טרעפען נעווי די זעלבע טיפען און פארשוינען. בלויז איין זאך איז דא ניי, דאס זענען די „יחסנים" — די יודען, וואס האבען פינף קינדער צו זיי אין זיך נאר־נישט צו גלייכען פאר זיי איז אפען טיהר און טויער ווער רעדט, אז די פינף זענען יונגלעך, איז מען א פערזיכערטער מענש. אין אלע רעגירונגס - אינסטיטוציעס נעמט מען איהם אויף בעסער ווי א גראף, מען נאטוראליזירט איהם (מען מאכט איהם פאר א בירגער) איינס און צוויי מען גיט איהם א ביליגע וואוינונג. מען שארט איתם צו פרנסה, און ער לעבט טאקי ווי גאט אין פראנקרייך. אלע פראנצויזישע שכנים זענען זיינע גוטע פריינד און מען צאצקעט זיך מיט זיינע קינדער ווי מיט פרינצען.

צום בעסטען האבען זיך די יודישע רייזענדע, וואס האבען פינף קינדער, ווייל מיט יעדען קינד מאכט מען איהם ביליגער אויף צעהן פראצענט די רייזע אויפ'ן באהן. מיט 5 קינדער האט ער מיט 50 פראצענט ביליגער דעם באהן-בילעט. דאס איז א גרויסע עקאנאמיע,

די פראנצויזען לאזען זיך גישט כאפען אויף דער חענדקע אבער די יודען אלס געבוירענע רייזענדער, טוען אלץ, וואס זיי קאנען אום צו ערפילען די צאהל. ווי האט מיר א יוד גישט לאנג געזאגט: די פראנצויזען זענען א טייער פאלק — האט ער געזאגט — אין פוילען למשל וואלט מען גערדאנקט גאט, אז יודען זאלען אויפהערען צו קינדלען די פראנצויזען פערקעהרט, ווילען עס זאלען צוקומען וואס מעהר יודען.

די מעשה איז אבער, וואס די פראנצויזען טוען אלץ, אז די פינף נייע יודען זאלען ווערען פראנצויזען און דאס גיט זיך זיי איין.

יעדער איינגעוואנדערטער יוד ברענגט אריין דער פראנצויזישער רעפובליק פינף נייע פייערדיגע פראנצויזישע פאטריאטען, וואס זענען גרייט צו גיין פאר פראנקרייך אויף טויט און אויף לעבען. אזעלכע פאטריאטען ווי דער נייער יודישער דור איז, איז שווער ביי די פראנצויזען אליין צו געפינען.

---

גליק! מען זאגט א ווערטעל: „א מענש איז אזוי לאנג א מענש, כל זמן ער האט נישט חתונה; קוים האט ער חתונה ווערט ער אויס מענשן" דאס איז א האר נישט איבערגעטריבען. איך ווייס דאס אן זיך; זינט איך האב חתונה געהאט בין איך קיין מענש נישט... איך בין א גולם. א פערד, א בהמה, א אידיאט, נאר נישט קיין מענש.

אזוי זאגט מיין ווייב; און אזוי וועט זאגען זיין ווייב אייך, און אזוי זאגען אלע ווייבער, וואס זענען נאך רערווייל נישט קיין גרושות און נישט קיין אלמנות.

דאס איז שוין די טבע פון אונזערע ווייבער; איך קען זיך וועטען, אז אייער ווייב איז אויך נישט בעסער; דערויף איז דאך א ווייב א ווייב, זי זאל נישט זיין בעסער; וואלט זי געווען בעסער, וואלט זי דאך געווען א מאנסביל.

איז דעריבער זאג איך טאקע, אז מיר איז איצטער בעסער פאר אים. איך האב שוין מיינט דורכגעמאכט און ער, דער שוטה, דער בהמה בן פערד, דארף ערשט אלץ דורכמאכען!

אין די 22 יאהר, וואס איך בין פארהייראט, האב איך זיך שוין זעקס הונדערט מאל געקריגט מיט מיין ווייב און מיט מיין שוויגער, — און ער, דער גולם, דער יאלד, דארף ערשט אנהויבען פון אנהויב; ער קען מיך קיינמאל אין זיין לעבען נישט אניאגען.

און מיינט נישט, אז קריגען זיך זעקס הונדערט מאל מיט אנ' אייגען ווייב און א שוויגער איז א צוקערלעקעכל מען פערלירט גענוג געזונט און צייט און געלד; מחמת. אז מען קריגט זיך מיט א ווייב און מיט א שוויגער, קען מען זיך גישט איינהאלטען, גייט מען ארויס פון די כלים; ווייס מען דאך נישט וואס מען טוט, איז רעכט אויסצוברעכען דאס גאנצע געשיר און דאס מעבעל; דערנאך, אז דער כעס גייט אריבער, מוזט איר אויפסניי איינקויפען נייע זאכען, און דאס קאסט א פך געלר.

יא, אז מען קריגט זיך 22 יאר מיט א פרוי ווערט מען הייזעריג, נערוועז, וויל מען ארונטערשפרינגען פון בריק אין וואסער. אדער איינגעמען גיפט; איך האב אויסגערעכענט, אז דאס קריגען זיך מיט מיין פרוי האט צוגענומען ביי מיר וואכען און וואכען; און איך האב דורכגעמאכט זעקס קימפעטס, אכט אפעראציעס, געצאהלט געלר דאקטוירים און אפטייקען און געהאט צו טאן מיט „מאנדלען" און „גאלשטיינער" און „דיפטעריט", און שלעפע-קישקע — און ער חיים. דארף עט ערשט אלץ דורכמאכען; — איך בין איהם אסור מקנא.

מיר איז בעסער פאר איהם, א סך, א סך בעסער!

**ב. ק.**

# דאָס אַלוועלטליכע משוגעים-הויז אין וועלכע מיר לעבען.

מיט א פּאָר טעג צוריק איז געווען געדרוקט אין א פּוילישער צייטונג פאָלגענדער אַנאָנס:

א יונגערמאַן פון א יאָהר 30, וועלכער האָט געענדיגט דעם אוניווערסיטעט און בעזיצט א גײַנטליכע בילדונג און פּילזייטיגע קענטעניסען אויף פערשידענע געביטען, לייגט פאָר זיין קאַנדידאַטור אויף חתונה צו האָבען. ער זוכט א כלה. דערביי איז איהם פּאָלשטענדיג גלייכגילטיג איר פערזאָן, איהם אינטערעסירט בלויז, צי זי האָט געלד און צי זי וואָלט זיך אונטערגענומען איהם אויסצוהאַלטען.

זי קען אַלט זיין 18 יאָהר, זי קען זיין א דאַמע פון א יאָהר 30. אָדער א זקנה פון א יאָהר 60—דאָס איז איהם אַלץ איינס. פאַר אַ 18-יעהריגע—וועט ער זיין א הייסער טעמפּעראַמענט-פולער געליבטער, פאַר א 30-יעריגער — וועט ער זיין א גוטער מאַן, פאַר א 60-יעריגעד — וועט ער זיין א רוהיגער בעשיידענער פאַמיליען-מענטש, פאַר א פרוי פון איבער 60 יאָהר וועט ער זיין א גוטער זוהן.

ס'פערשטייט זיך, אז איהם איז אַלץ איינס איהר אויסערליכער אויסזעהן. א מענטש, וועלכער איז גרייט חתונה צו האָבען אפילו מיט א 60-יעריגע באַבע, וועט זיך, נאַטירלעך, נישט אינטערעסירען מיטן גיבוי פון נאָז — עס איז כמעט זיכער, אז אזא איינער וועט אויך נישט נתפעל ווערען, אויב זיין בעשערטע וועט זיין א קריפּעל—קיין זאך וועט איהם נישט אָפּהאַלטען פון זיין ציל. — צו בעקומען א פרוי, וואָס זאָל איהם אויסהאַלטען.

לוינט אויף דעם ענדיגען אַן אוניווערסיטעט, כדי זיך שפּעטער צו פערנעמען מיט... פּראָסטיטוציע?

אז דער פאָרשלאָג פון אזא אינטעליגענט קען בעטראַכט ווערען אלס הונדערטפּראָצענטיגער אַקט פון פּראָסטיטוציע, איז קלאָר. פאָדערען א פינאַנסיעלע בעלוינונג פאַר „ליבע" איז ביז איצט געווען א בעשעפטיגונג, מיט וועלכער עס האָבען זיך פערנומען אין אזא אָפענער פאָרם נאָר אלפאָנסען; זיי פלעגען אָבער צו דעם קיין אוניווערסיטעטען נישט ענדיגען און זיי האָבען קיין אנדערע דיפּלאָמען אויסער די, וועלכע עס פלעגען זיי ארויסגעבען די געריכטען און תפיסה-פערוואַלטונגען, נישט געהאָט.

אזוי אָפען ווי אין דעם דאָזיגען אַנאָנס, איז די מענער-פּראָסטיטוציע קיינמאָל נישט ארויסגעטרעטען, אָבער אין איהר פערבעהאַלטענער פאָרם בליט זי אויף דער גאַנצער וועלט. יעדער דיפּלאָם האָט זיך זיין בעשטימטען מארק פּרייז, וועלכער וואַקלט זיך ווי יעדער מאַרק-פּרייז, אין אָפּהענגיגקייט פון דער פערהעלטעניש צווישען אנבאָט און נאָכפראַג. צוזאמען מיט דער אַלגעמיינער ירידה פון די פּרייזען, איז אויך פאָרגעקומען א ירידה אויף דעם געביט: א דאָקטאָר מעדיצין, וועלכער האָט זיך מיט א פּאָר יאָהר צוריק געשאַצט מינימום אין 10 טויזענט דאָלאַר, קענט איר איצט קריגען פאַר א דריי פיער טויזענט און וואָס איז נוגע די איבעריגע פאַקולטעטען, זענען די פּרייזען קאַטאַסטראָפאַל געפאַלען; מאַגיסטערט פון רעכט און פילאָזאָפיע קויפט מען פאַר גראָשענס,

איך האָב געהערט וועגען א ראַדאָמער סוחר, וועמענס טאָכטער מען האָט געטרעט א שידוך מיט א דאָקטאָר. דער סוחר האָט גלייך געפרעגט:

— זאָגט מיר, וואָס ער איז — א דאָקטאָר מעדיצין, צי פילאָזאָפיע, אויב — פילאָזאָפיע, וועל איך פאַר איהם אפילו קיין 5 גראָשען נישט געבען.

עס איז גאַנץ וואַרשיינלעך, אז דער דאָקטאָר (אָדער מאַגיסטער) וואָס האָט זיך רעקלאַמירט אין דער פּוילישער צייטונג, געהערט צו די, פאַר וועלכע א סאָלידער סוחר וויל קיין גראָשען נישט געבען; מען וויל איהם נישט קויפען; אומזיסט האָט ער געקנעלט, אין דער האָפענונג, אז עס וועט קומען דער מאָמענט, ווען דער, אָדער יעגער גביר וועט איהם קומען קויפען פאַר זיין טאָכטער; עס איז געווען א פאַלשע אויסרעכענונג, די קללה פון אונזער צייט: א סך פערקויפער און ווייניג קויפער — הערשט איצט אויך אויפ'ן געביט פון מענער-פּראָסטיטוציע, מוז מען אָנגעבען מעלדונגען אין די צייטונגען, אז מען איז גרייט זיך צו פערקויפען יעדער איינעד—א 60-יאָריגער, א 50-יאָהריגער, א 40-יאָהריגער א מיאוסער, א קריפּעל — אַבי צו פינאַנסירען דעם דיפּלאָם.

אפשר וועט איהם זיין איינפאַל העלפען. עס וועט זיך געפינען אזאַ איינע, וואָס חעט זיך אָפּרופען און וועט איהם נעמען צו זיך, אָבער אזוינע קאַנדידאַטען אויף זיך צו פערקויפען, איז פערהאַן א לעגיאָן, — אזוינע פאַר וועלכע מען וויל קיין 5 גראָשען נישט געבען, הגם זיי האָבען זיך געריכט אויף טויזענטער דאָלאַרען; עס איז צערונען דער גאָלדענער חלום—וואָס בלייבט?

א בעטע אויף דיפּלאָמירטע מענער וואָס חילען זיך פערקויפען.

דער קריזיס איז אריינגעדרונגען אין געביט פון פּראָסטיטוציע, אויף די טראָטואַרען פון דער פּוילישער מאַנטשעסטער. לאָדז, שפּאַצירען ארום נאָכטפרויען, וועלכע בעווייזען זייערע קליענטען אוניווערסיטעטס-דיפּלאָמען אין מאַטורעס, אין ווילנע האָט די כראָניק רעגיסטרירט א פרוי, וועלכע בעזיצט עטלעכע שפּראַכען, האָט געענדיגט צוויי פאַקולטעטען און פערנעמט זיך מיט פּראָסטיטוציע.

ווען איהר וואָלט עס געפרעגט אונזער העלד, וועלכער האָט זיך רעקלאַמירט אין דער פּוילישער צייטונג; וואָלט ער אייך געענטפערט:

— יאָ, עס לוינט ניט, אָבער עס לוינט אויך ניט צו ענדיגען א אוניווערזיטעט, כדי דערנאָך צו פוצען שיך, חי מען טוט עס אין בערלין, כדי פּאַרצולייגען די קאַנדידאַטור אויף א תליון. ווי מען טוט עס איז טשעכאָסלאָוואַקיי, כדי צו קאַנדידירען אויף א נאַכט-וועכטער ווי דאָס האָט געטראָפען אין אַנ' אונגאַריש שטעטעל, א. א. וו.

וואָס עס לוינט און וואָס עס לוינט ניט — וועגען דעם קען מען נאָר רעדען צווישען נאָרמאַלע מענטשען—אָבער די פּראַגע איז אינגאַנצען ניט אויפ'ן אָרט אין דעם גרויסען אַלוועלטליכען משוגעים הויז, אין וועלכער מיר לעבען.

ד. וו.

# די געשיכטע פון יודען אין ראַדאָם

## ראַדאָמער יודישע-תושבים לאָזען נישט אריינוואַנדערען יודען פון פרעמדע שטעדט

די ביטע פון די ראשי-קהל צום שטאָדט-בורמיסטער איז געוואָרען אין דעם זין גינסטיג ערלעדיגט. די איינוואַנדערונג פאַר יודען איז געוואָרען גענצליך אונמעגליך, ס'האָט נישט גיהאָלפען די אינטערווענץ מצד וועלכען ס'איז יודישן תושב, אפילו געגען פעראַנטוואָרטונג צו ערלויבען אויף א בעגרענעצטע צייט זיך צו בעזעצען א פרעמד-שטעדטישען אין ראַדאָם. דאָס האָט ארויסגערופען א סך מאהל קאָנפליקטען מיט די ראשי קהל.

אָט געפינט זיך א דאָקומענט אין פאָרם פון א ביטע פון א געוויסען יוסף מענדלאָוויטש, א היטעל-מאַכער און קירזשנער פון בעשעפטיגונג, געשריבען צום בירמיסטער דעם 10 יולי 1816 וועגען ערטיילען וואוין-רעכט אויף א בעגרעניצטע צייט דעם קאָזשעניצער יוד חיים סאָשקאָוויטש, וועלכער וועט איהם זיין בייהילפיג אין דער מלאכה די ביטע איז געוואָרען אָבגעזאָגט מאָטיווירענדיג, אז דאָס איז נאָר א אויסרייד און איז דאַמיט אויסען אריינצושמוגלען א פרעמדשטעדטישען און אז אויך דער מאָמענט פון קהל'ס אינטערווענץ וועגען פרעמדע ווערט דאָ דערמאָנט.

צוליעב דעם וואָס מאָשקאָוויטש געפינט זיך שוין אין ראַדאָם, ווערט פעראָרדענט, אז דער זעלבער מאָשקאָוויטש זאָל אונטער א וואַך אָבגעשטעלט ווערען קיין קאָזשעניץ. טפליסט פון מענדלאָוויטש איין א פרישע ביטע אין וועלכער ער גיסט אויס זיין ביינקייט אויף די ראשי קהל און בעהט פאָרט זיין ביטע צו נעמען אין אכט צוליעב אט די טעמים: היות—שרייבט ער—איך בין איינער פון דעם פאַך אין ראַדאָם און איך קאָן נישט דעריאָגען מיט די אַרבייט, איז פאַר מיר אונבעדינגט נויטיג א געהילף. דער יוד חיים מאָשקאָוויטש איז פון דעם פאַך, וועט ער מיר קאָנען א סאַך העלפען. איך בין גרייט געגען יעדער פעראַנטוואָרטונג, אז כ'האָב ניט קיין כוונות אריינצופיהרען אין א טעות נאָר כ'בין אויסען מיין טובה, זאָל כאָטש ערטיילט ווערען די ערלויבעניש אויף איין יאָהר; נאָך דער צייט וועט ער די שטאָדט פערלאָזען.

די ביטע האָט אויך נישט געפועלט און איז געוואָרען אָבגעוואָרפען.

מעגליך, אַז מענדלאָוויטש האָט זיך משתדל געווען פאַר מאָשקאָוויטש'ן צוליעב אנדערע טעמים. אפשר איז ער געוועזען פון איין משפחה, אָבער ס'איז ניכער א סברא, אז ער האָט זיך אין איהם גענויטיגט אלס געהילף אין דער מלאכה, ווי ער שרייבט „איך קאָן זיך אליין נישט קיין עצה געבען ווייל כ'בין

# דאס שוך-געזעץ פאר די שוסטער און קאמאשענמאכער-פאכען.

אומאפהענגיג פון דער זייט וואכען אויפגעשוואומענער פראגע וועגען נאוועליזירען דאס אינדוסטריע-געזעץ אין דעם גייסט, אז די פאסטולאטען און עקאנאמישע אינטערעסען פון דער מלאכה זאלען בעריקזיכטיגט ווערען, וועבט זיך אין געזעצליבען ווארשטאט פונ'ם ראט פון די האנדווערקער-קאמערען און פון האנדעלס און אינדוסטריע מיניסטעריום דאס נייע געזעץ וועגען שוצען די שוסטער און קאמאשענמאכער פראדוקציע אין פוילען.

דער געזעץ-פראיעקט, וואס איז דורך דעם ראט פון די האנדווערקער-קאמער צוגעשטעלט געווארען די געהעריגע מיניסטעריומס, האט בעקומען גרויס אינטערעסירונג פון 17 האנדווערקער קאמערען, בעזונדערס האבען הונדערטער פעראינטערעסירטע צעכען. צווישען וועלכע ס'געפינען זיך 30 צעכען פון פאמאזשער קאנט און איבער 30 פון קראקאווער וואיעוואדסטווע איבערגעשיקט דרינגענדע דעפעשען פאדערענדיג קורצליך איינצופיהרען דאס געזעץ אין לעבען.

א רייהע צייטונגען האבען וואס אמת אנגעהויבען צו פיהרען א לעבהאפטע דיסקוסיע איבער דעם נייעם געזעץ פראיעקט, וועלכער איז, כידוע, קריטיקירט געווארען ביז גאר. ארגומענטירענדיג מיט ציטאטען און ציפערען נוגע דער לעדער און שיך-פראדוקציע אין פוילען, ווייזען די פעראינטערעסירטע צייטונגען אן די נעגאטיווע זייטען פון דעם געזעץ בכלל און וועגען דער נייער שוסטער און קאמאשענמאכער ארג. בפרט. זיי קומען צום אויספיהר, אז די מלוכה'שע קאנטראל און דאס שוך-געזעץ איבער דער שיך-פראדוקציע וועט גורם זיין צו דער פערערגערונג פון דער קאניוקטור אין דעם ווירטשאפטליכען צווייג. דאגעגען קומען ערשטקלאסיגע קענער פון דער שיך פראדוקציע און שלאגען אב די אלע אויסטערליכע אטאקען, אויף וועלכע דער געזעץ-פראיעקט האט זיך אנגעשטויסען און דערציילען פשוט א סוד. אז... די גאנצע קאפעלע קריטיקירער פונ'ם דערמאנטען געזעץ, זענען אנגאזשירט אין דער גרויס-פראדוקציע פון שיך-אויסארבייטונגען ד. ה. מיט די פאבריקאנטען און דירעקטארען קעגען וועלכע דאס געזעץ איז געווענדעט. דאס הייסט מען הייסט פונוואנען דער העכט שפירט זיך...

די בעסערע זייטען פון דעם געזעץ פאר די שוסטער און קאמאשענמאכער זענען וואס די קאנקורענץ וועט אויסגעמיטען ווערען, דען די פרייזען פאר די אויסארבייטונגען אין די פאכען וועט גענצליך רעגולירט ווערען.

אויך פארשידענע נישט בעזונדערע עלעמענטען פון כלומר'שטע סוחר-שוסטער אדער שוסטער-קאמאשענמאכער וועלכע פארנעמען אין די מלאכות אנ'ארט פון „האלב יאקיש און האלב פייחיש" וועלען דא קיין פלאץ נישט האבען. נאר בארופענע בעלי-מלאכות און סוחרים, וועלכע פארנעמען זיך מיט דער שיך פראדוקציע וועלען קענען פיהרען א געמיינזאמע ווירטשאפטליכע ארבייט. מען קען אויסטייטשען, אז די שיך-פראדוקציע וועט אין פוילען מאנאפאליזירט, ווען נישט — קארטעליזירט—ווערען. די פראדוקציע וועט דארפען זיך שטענדיג געפינען אונטער א מלוכה קאנטראל. פאר דעם פרייז וועט די מלוכה געבען א עקוויוואלענט, וואס זי וועט אפשאפען אלע תפיסה און מיליטערישע ווארשטאטען און זיי איבערענטפערען די דורכ'ן געזעץ בטרופענע ארגאניזאציעס. דאס רעגלאמענטירען די פראדוקציע אין יעדען קרייז באזונדער וועט ליגען אין קאמפעטענץ פון די ארטיגע ארגאניזאציעס, וועלכע וועלען לויט'ן געזעץ-פראיעקט האבען א צוואנגס און עקזעקוציע רעכט.

בכדי צו רעגולירען דעם קוואנטום פונדער שיך-פראדוקציע אין גאנצען לאנד ווערט לויט'ן דערמאנטען פראיעקט פארגעזעהען, אז יעדען קרייז, וואיעוואדסטווא וועט ווערען צוגעטיילט א נארמירטער פראדוציר-קאנטינגענט, ווי עס קומט פאר צ. ב. מיט שטייערען.

די רעגירונג פון איהר זייט כדי אויפצוהויבען די שוך-פראדוקציע אין לאנד וועט צו דעם צוועק אדורכפיהרען א רעוויזיע פון א רייע האנדעלס-טראקטאטען וועלכע זענען געשלאסען געווארען מיט מלוכות אנערקענענדיס פאר זיי געוויסע הנחות ביים אימפארטירען שיך, לעדער, ווי ס'איז דער פאל מיט דער טשעכישער פירמע „באטא".

פערשטעהט זיך אין פאל ווען דאס געזעץ וועט פארווירקליכט ווערען, וועלען דא גענומען ווערען אין בעראכט בעלי-מלאכות מיט נעהעריקע פאך און קוואליפיקאציע צייגנישען. דער סארט „פארטאטש"-„פושער" קאן האבען דא א רעאליטיווען באגריף און קאן דראקאניש אויסגעטייטשט ווערען גראדע צום שאדען פון יודישען שוסטער און קאמאשענמאכער.

אמת, צווישען די הונדערטער צעכען וועלכע האבען זיך געוואנדען צום ראט פון די האנטווערקער-קאמערען האבען אויך קיין יודישע נישט געפעלט, וואס האבען פערלאנגט דאס געזעץ. אבער פערנאלאפירען זיך צופיעל דארף מען נישט, נעמענדיק אין בעטראכט די גרויסע צאהל נישט רעכטלעכע יודישע שוסטער. די פעראינטערעסירטע יודישע פאכלייט דארפען זיין ניכטער און קוקען מיט אפענע אויגען. מער פארזיכטיקער דארפען זיין די שוסטער אלס די קאמאשנמאכער, אלס א פאך, וואס איז צאלרייך דורך יודען פערטרעטען.

אלפאלס איז דא וויכטיק, אז די פעראינטערעסירטע יודישע צעכען, ווי אויך די האנטווערקער-ארגאניזאציעס זאלען נאכפאלגען די נייע ווענדונגען ארום דער שוך-פראדוקציע און מאכען די געהעריקע ארגאניזאציאנעלע צוגרייטונגען, און מעגליך מאכען דעם באדען פאר דער צעטיילונג פון דער פראדוקציע און ווענען דער שאפונג פון א קערפערשאפט, וועלכע זאל קענען קומען אין בעציהונג מיט דער צענטראל שטעלע פון רוי שטאפען און מבשירים. דער עיקר דארף זיין, אז די אינטערעסען פון די פעראינטערעסירטע יודישע בעלי מלאכות זאלען נישט מאיאריזירט ווערען. אויך דארף מען זיין קאנצענטריט, בכדי זיך אנטקעגענצושטעלען דעם „נומערוס קלאוזוס", וועלכער קען ענטשטעהן ביים פונאנדערטיילען. דורך בערופענע מלוכה-פונקציאנערען, די פראדוקציע...

ב. ל—ר.

---

## איינער אין מיין פאך אין ראדאם.

ס'האט נישט געקאנט זיין קיין פראגע וועגען קאנקורענץ, ווייל קיין אנדערער פון דעם טאך איז נישט געווען.

אזא פאקט קאן אילוסטרירען ווי די האנדלונג פון ראשי קהל לגבי די איינוואנדערונג פון יודען קיין ראדאם האט געהאט נעגאטיווע זייטען; אין דעם פאל האבען זיי גורם געווען צו עקאנאמישען פעדרדרענגונג פון א יודישען תושב, וועלכער האט געהאט שאנסען צו פערגרעסערען די הכנסות זיינע דורך פערגרעסערען זיינע אויסארבייטונגס-מעגליכקייטען.

דער אויבענדערמאנטער פאקט קאן אויך דינען אלס סברא, אז די איינוואנדערונג פאר יודען קיין ראדאם איז געווארען אינגאנצען נישט מעגליך אין דער צייט, ווען ביי אזא פאל פון א געהעריגע אינטערווענץ מיט א פעראנטווארטונג'ס-גרייטקייט פון א אנגעזעהענעם בעל מלאכה מאכענדיג בכלל דאס פאר א טאקטישען ענין אפילו פאר נישט יודען, דאס וואס ער וועט נישט קאנען אויסארבייטען די גויטיגע פראדוקציע האט אויך נישט געפעלט.

(המשך קומט)

ל. פישמאן

---

# העלפט דיר אליין!

## צו דער חודש-אקציע פון דער ראדאמער „גמילת חסד" קאסע.

די פאלקס-פערזאמלונג אין „קארטא" מיט דער בעטייליגונג פונ'ם „דזשוינט" דירעקטאר ד. י. גוטערמאן, האט ענדליך קאנדענסירט א גרויסען און צומאל אויך א בעדייטענדען טייל פון דער ארגאניזירטער פערמאנענטער ארבייט לטובת דער „גמילת-חסדים"-בעוועגונג אין ראדאם.

יא, ענדליך וואדום די גאנצע פראפאגאנדע-ארבייט, וואס פיהרט זיך שוין ארום דעם ענין, זייט דעם אלגעמיינעם צוזאמענפאהר אין ווארשא פון אלע גמילת-חסדים-קאסעס אין פוילען, שליסליך, מיט די פערשידענע ארטיגע „ראיות ברורות" וואס די יודישע פרעסע האט דערגענצט, וועגען דער אומגעהויערער נחיצות פון אהן-פראצענטיגע הלואות אין דער איצטיגער ביטערער צייט פאר'ן פאראָרימטען יודישען קרעמער און בעל מלאכה — אט די אלע געדאנקען-מעגליכקייטען זענען אויסגעשעפט געווארען אויף דער זונטאגדיגער פערזאמלונג. עס האט זיך געהערט דער וועה-געשריי פון „עמך ישראל צריכין פרנסה". און עס האט דער ה' גיטערמאן פראטעסטירט דעם „לכו והתפרנסו זה מזה". מען האט אפילו געהערט אויפ'ן זאל דעם ספאנטאנישען אויסגעשריי: „אין הקומץ משביע את הארי". הכלל, מיר האבען א פיינליכען דלות, ווי אין די אמאליגע גוטע צייטען...

אבער ביי די אלע בעגריסונגען וואס זענען געהאלטען געווארען אין „סאר-סא" האט מען פיללייכט פערגעסען צו אקצענטירען דעם פאזיטיווען ווערט פון אזא ג"ח-אינסטיטוציע פון ריין געזעלשאפטליכען שטאנדפונקט בעזונדערס פאר אזא שטאדט ראדאם. אלעס זינקט אין א תהום פון הפקרות און אומבעהאלפענע רעזיגנאציע, ווי אלע סאציאל געזעלשאפטליכע אינסטיטוציעס מאכען דורך א צופאלונג'ס-פראצעס און קיין שום נייער מיטריי-סענדער אקצענט שאפט זיך נישט, קיין שום נייע זאך ווערט נישט געבויט. דארף מען דעריבער הויכמוטיג בעגריסען די ערשיינונג, וועלכע קרעפטיגט און שטארקט אזא אינסטיטוציע וואס

# אַנ'ארץ-ישראל גאַסט אין ראַדאָם.

ענדע היינטיגע וואָך איז געקומען קיין ראַדאָם דער דעלעגירטער פון הויפּט ביוראָ פון „קרן קימת" אין ירושלים, ה' ג. זשוכאָוויצקי, דער זוהן פון באַקאַנטען א"י-קאָלאָניסט, דעם גרינדער פון מגדיאל, ה' שמואל זשוכאָוויצקי, באַקאַנט א. נ. „אליף מגריאל".

דער חשובער גאַסט, וועלכער איז באַקאַנט אַלס איינער פון די בעסטע ציוניסטישע קרעפטען איז ערצויגען געוואָרען אין א"י, וואו ער האָט באַקומען אַ ברייטע יודישע ערציהונג, וועלכע ער האָט פערפאָלקאָמט מיט אַלגעמיינע ידיעות אין מערב אייראָפּא. אין אייראָפּא איז ער אין משך פון עטליכע יאָהר געשטאַנען אין שפּיץ פון אַ רייהע אקאַדעמישע פערבאַנדען, אין וועלכע ער האָט פיעל מיטגעווירקט אריינצוברענגען דעם גייסט פון א"י.

ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך די לופט פון א"י און קען גענוי אין אַלזייטיג דאָס לעבען אין ארץ-ישראל, וועלכעס ער האָט, אגב, פאַר זיין אָפּפאָהרען קיין פּוילען אַדורכגערייזט אין דער לענג און אין דער ארבייט.

דער גאַסט וועט ארויסטרעטען אויף אַנ'עפענטליכע פערזאַמלונג, אויף וועלכע יעדער איינער וועט האָבען די מעגליכקייטען צו הערען אַ לעבעדיגען גרוס פון בויענדען זיך ארץ-ישראל פון איינעם פון איהרע בעסטע זיהן, וועלכער איז גוט און גענוי באַקאַנט מיט די דאָרטיגע באַדינגונגען.

דער חשובער גאַסט, וועלכער איז, ווי געזאָגט, דער דעלעגירטער פון „קרן קימת" אין ירושלים וועט אין דער צייט פון זיין וויילען אין ראַדאָם מיטווירקען צום אדורפיהרען די דונאם-אקציע, וועלכע ווערט געפיהרט אין גאַנץ פּוילען אונטער דער לאָזונג: „באָדען פאַר דער 5-טער עליה" און וועמענס אויפגאַבע איז צו ערמעגליכען דעם איינגעקויף פון באָדען רעזערוועען, וואָס זאָל דיענען פאַר דער קאָלאָניזירונג פון די עולים פון דער לעצטער עליה, וועלכע קומען אין זייער גרעסטער טייל פון פּוילען.

געוויס וועט אויך דאָס ראַדאָמער יודענטום אָפּשאַצען ווי געהעריג די דאָזיגע וויכטיגע אַקציע און מיט אַלעם מעגליכען צוהעלפען צום ערפאָלג פון דער דאָזיגער אַקציע.

# נאָטיצען פון דער וואָר

## „די יודישע באַנדע"

כ'לעבען ווי „די יודישע באַנדע" קומט אַ גרויסער יישר-כח פאַר די לעצטע אויפטריטען אין טעאַטער „ראָזמאַיטאָשטשי". וואָרום פיהלענדיג די פעסימיסטישע קריזיס שטימונג, וואָס באַהערשט איצט די יודישע גאַס, וואָלט מען זיך בשום אופן נישט געקאָנט פאָרשטעלען, אַז ס'קאָן זיך נאָך געפינען אַ פּראָווינצער יוד, וואָס אויף זיינע ליפּען זאָל זיך אַ שמייכעל באַווייזען, און, אַז אויסער קרעכצען און זיפצען זאָל מען אַמאָהל אויך אַ געלעכטער הערען.

און אָט האָט אונז דאָס וואַרשאַווער קליין-קונסט טעאַטער „די יודישע באַנדע" געטהיען, אַז איבער אַלע צרות. איבער אַלע נויטען קאָן מען זיך העלפען. אויב מיר פיהלען זיך געדריקט פון אונזערע שונאים, מאַכט מען פון זיי חוזק, כדי אין דער סאַטירע צו געפינען אַ טרייסט אין דער שווערער תיי-שעה.

די דאָזיגע טעאַטערישע פעסטשטעלונג האָט „די יודישע באַנדע" פאָפּולער געמאַכט אויף די רעוויי-פּראָגראַמען: „די וועלט שאָקעלט זיך" און „טאַנצט יודעלעך טאַנצט". מען האָט געשאָטען שאַרושען און וויצען ווי פון אַריבעל ארויס און דער עולם האָט געקייכט פון געלעכטער. דאָס איז בעזונדערס געווען אַ באַלעהרענדער מוסר-השכל פאַר די ראַדאָמער „געקרוינטע אינטעליגענץ", וועלכער איז מעהר ווי שטענדיג געוואוינט צו איראָניזירען אַ יודיש טעאַטער, און דווקא צו קלויבען נחת מיט אַ שמחה-שוים אויף די ליפּען פון פּוילישע טרובאַדורען. זיי האָבען זיך נעמליך געקאָנט איבערצייגען, אַז וואָס אַנבעלאַנגט אין דער גנעש קטליכקייט פון עקסצענטרישען הומאָר, אָדער שאַרפזיניגקייט, איז דער קינסטלערישער אינהאַלט פון „די יודישע באַנדע" נישט קיין סך הינטערשטעליג ווי די בעריהמטע פּוילישע באַנדע-טרובאַדורען, פּאַגאָזשעלסקאַ, אַרי אַנובנאַ, קרוקאָווסקי און דימשאַ. וואָרום די רעוויי-קרעאַציעס פון אַזעלכע לוסטיגע באַנדיטען ווי: חנה גראָסבערג, ראָזאַ גאָזעל, לאָלאַ פעלמאַן און יעצט די מענער-חברותא: זישאַ קאַץ, דוד לעדערמאַן מיט'ן הויפּט-קאָמאַנדיר, יצחק נאָזשיק בראָש, זיי שפּילען מיט כאַראַקטער און נעשמאַקפּולער אויספּאַסונג אַזוי, אַז אין די מאָמענטען ווען זיי באַווייזען זיך אויף דער סצענע, ווערען זיי באַלד די צענטראַלע פיגור פון דער אַקציע, וואָס רייסט מיט דעם צושויער און עס רופט ארויס סאַלווען פון געלעכטער.

„די יודישע באַנדע" קומט אַלענפאַלס אַ בראַוואָ. די צייט איז אַזאַ שווערע אַז יעדע שפּור פון הומאָר איז אַזאַ געווינס

## דאָס נייע ארץ-ישראל

וויל מען אָבער זיך צוריק באַהעפטען מיט דער אַלטעגליכער גרויער ווירקליכקייט, דאַן זעהט מען, אַז הומאָר איז אָפט אונזיניג, אונלאָגיש ווי אַ חלום בויידען מיט פּאָליציי ווערען צוגויפּגעפיהרט און עס העלפען נישט קיין רעצעפּטען פון פריידיגען געלעכטער. נישט דער הומאָריסט קאָן אונז אויף זיין לייכטען לופט-באַלאָן דערהויבען איבער די שווערע דאגות פון טאָג. ער קען אונז ניט מאַכען פערגעסען אַן דער שווערע פּאָליטיש-גייסטיגער און עקאָנאָמישער לאַגע.

מיר זעהען אַלזאָ, אַז פון אַלע אידישע באַמיהונגען אין אונזער היינטיגער גלות-געשיכטע איז געוואָרען אַ נישט-דערגרייכבאַרע אוטאָפּיע. אויף אַלע געביטען געהט אַ צערפאַלונגס-פּראָצעס, און מיר יודען פיהלען דאָך דעם פּראָצעס שטאַרקער ווי אַלע אַנדערע נ א צ י ע ס און פ ע ל ק ע ר, ווייל מיר האָבען נישט די מאַכט צו באַפעהלען און די מעגליכקייט-געזעצען צו שאַפען. דעריבער אַז עס קומט אונז אויס צו הערען וועגען דעם לאַנד פון דער יודישער פערגאַנגענהייט, וואו עס בויט זיך איצט אַ פאָלקסטימליך יודיש לעבען ווערען מיר באַהערשט פון דעם מיטרייסענדען פּסיכאָז — וואָס גיכער זיך צו באַפרייען פון'ם גלות'דיגען שקלאַפענטום...

די דאָזיגע עמפּינדליכקייט האָט מען געקאָנט ארויסלייענען פון די אַלע צושויער-געזיכטער, וואָס האָבען די היינטיגע וואָך אין קינאָ „קאָרסאָ" באַטראַכט „דאָס נייע ארץ ישראל".

דאָ האָט פון דער פילם-לעוונטע אַראָבגערעדט נישט אַזוי ווייט דער העברעאישער קלאַנג מיט זיינע אינטערעסאַנטע בילדער, ווי אַ געוואַלדיגער מאַגנעטישער קראַפט. עס זענען געווען מענשען מיט פערבענקטע און פערחלומטע אויגען און מיט פייכטע עקזאַלטירטע בליקען. נישט ביי איינעם האָט זיך אַ טיפער זיפץ געמוזט ארויסרייסען זעהענדיג יענעם שטורמישען ארץ-ישראל-טאַנץ פון באַגייסטערטע יונגע מענשען. דאָס זענען נישט קיין גלות'-

פון איין זייט, שטעהט זי אַראַנק די אָנפיהרענדע ראָל פון ה' ישראל דיאַמאַנט אויף אַן אויסעראָרדענטליכע הויך, דערמיט, וואָס אין דער אָרגאַניזירטער קערפערשאַפט זעהט זיך נישט ארויס די ציגען-פיסלעך פון אַ וועלכען ס'איז פּאַרטייאישען שטיוועל, און, ווידער פון דער צווייטער זייט ווערט די ג"ח קאַסע דאָס איינציגע רעטונגס-ברעט אין וועלכען עס זאָלען זיך קלאַמערען די פערצווייפעלטע און רואינירטע יודישע קרעמער און בעלי-מלאכות פון דער ראַדאָמער יודישער באַפעלקערונג.

פערשטעהט זיך, אַז די די דאָזיגע עלעמענטאַרע באַגריפען אין אונזער ווירטשאַפטליכער נויט, דאַרפען שוין זיין אַ גענוגענדע שטויס-קראַפט, וואָס זאָל קרוינען די חודש-אַקציע פון דער ראַדאָמער גמילות-חסד קאַסע מיט דעם געוואונשענעם ערפאָלג. און עס מוזען אויך די ראַדאָמער יודען געדענקען אָן דעם פּרינציפּ: ה ע ל ף ד י ר א ל י י ן! וואָרום דער גרעסטער טייל פון אונזער ווירטשאַפטליכער צוזאַמענגעבראָכענקייט איז אַ פועל יוצא פון די באַדינגונגען אין וועלכע מיר זענען אויך געשטעלט געוואָרען. דעריבער שיקט זיך טאַקי צו אם אין אני לי — מי לי?.

די גמילות-חסדים קאַסע ווערט דערום אַנ'אינסטרומענט פון אַ מין געגענזייטיגע אַסעקוראַציע לטובת הכלל, געאייגנעט צו דער באַשפּרעכונג פון תלמוד „גדולה גמילות-חסדים יותר מהצדקה" (סוטה מ"ט). גמילות-חסד שטעהט העכער פון דער געוועהנליכער צדקה דערפאַר, ווייל מען העלפט דעם נויטבאַדאַרפטיגען, נישט אין דער צייט, ווען זיין עגזיסטענץ איז פולשטענדיג אונטערגעבראָכען, נאָר מיט'ן מאָמענט, ווען ער געפינט זיך צייטווייליג אין אַ הילפלאָזען צושטאַנד, דאַרף מען איהם געבען די מעגליכקייט צו שטעהען ווייטער אויף די פיס און צוריק געפינען פאַר איהם דעם קוואַל פון זיין פּרנסה. „והחזקת בו" ווערט גלייכצייטיג קאָמענטירט צום זעלבען אויבענגעבראַכטען מאמר התלמוד.

די איצטיגע חודש-אַקציע פון דער ראַדאָמער ג"ח קאַסע טאָר נישט באַהאַנדעלט ווערען מיט אַ פלעגמאַטישע געלאַסענקייט. „כל ישראל ערבים זה לזה". ווער עס פערגעסט עס, ווער עס מאַכט זיך פערגעסענדיג. נאַרט זיך אַליין אָב און נאַרט אָב די זאַך, וועלכער ער מוז סוף-כל-סוף דיענען. וואָרום די איצטיגע באַדינגונגען און פערהעלטניסען זענען אַזעלכע, וואָס צייכענען אונז אָב די איינציגע פייער-בליציגע ריכט-ליניע:

— „ה ע ל ף ד י ר א ל י י ן!"..

ז. פרידמאַן

# געהיימניספולער „פעראיין פון פינף שארבענס" שרייבט אנאנימע בריעף מ'זאל געבען געלד.

דער ראדאמער אדוואקאט גוסטאוו ס. וועלכער וואהנט אויף זשעראמסקי, האט בעקומען צוגעשיקט א בריעף, אז ער זאל אוועקלייגן 10 ביינאכט אריינטערלעגען 1500 זל. אונטער דער פליטע פון אונבעקאנטען זעלנער אויפ'ן פלאץ דריטער מאי. אויב ער וועט דאס נישט מקיים זיין דראהט איהם טויט-שטראף.

דער בריעף איז אריינגעלעגט געווארן אין קעסטעל ביי דער טהיר און האט געטראגען דעם אונטערשריפט „פעראיין פון פינף שארבענס"

אדוואקאט ס. האט זיך נישט פארלוירען. ער איז געווען נייגעריג צו זעהען וואס ווייטער וועט זיין. האט ער צונויפגעבונדען א שעהן פעקעלע מיט אלטע צייטונגען און עס אוועקגעלעגט אויף דעם אנגעוויזענעם ארט. ער איז געשטאנען פון דער ווייטענס און נאכ'ן אבסערווירען א געוויסע צייט האט ער בעמערקט, ווי עמיצער האט דאס פעקעלע אויפגעהויבען און איז שנעל דערמיט פערשוואונדען.

מיט א פאר טעג שפעטער האט די דיענסט פון אדוואקאט, וועלכע שלאפט אין צימער, וואו 3 טהירען גייען ארויס אין פראנט, דערהערט א שוואכען, נישט דייטליכען קלינג פון עלעקטרישען גלעקעל. זי האט געוואלט אויפשטעהען פון געלעגער. אבער אזוי ווי דער קלינג האט זיך מעהר נישט איבערגעהורט און איז אין מיטען איבערגעריסען געווארען, האט זי געטראכט, אז דער קלינג איז גלאט אזוי פון זיך אהן וועלכען-ס'איז בעריי־טונג, ארער עס דאכט זיך איהר בלוין און זי האט זיך דעריבער געוויילט אויסצוהויבען פארטאג צוגעהן עפענען די טהיר.

ווען ס'האט גענומען טאגען און די דיענסט איז אויפגעשטאנען צו איהר שטוב-ארבייט איז זי ערשטוינט געווארען אריינקומענדיג אין קיך. זי האט נטמליך בעמערקט ווי די אויסענווענינגע טהירען פון קיך-צימער געפינען זיך נישט אין דער פאזיציע אזוי ווי זי האט זיי געזעהן נעכטען ביינאכט. ווען זי איז צוגעגאנגען נעהנטער האט זי דערזעהן הינטער די טהירען א בילד פון וועלכען זי איז אינגאנצען אויפגעטרייסעלט געווארען. הינטער די טהיר איז געשטאנען א הויכער מאנספערשוין דער קאפ איז געווען אראבגעבויגען און איבערגעצויגען מיט איהר חייסען פארטוך. זי האט נישט צומאל בעוויזען אויפצופאסען מיט איהר בליק דאס געהיימניספולע געשטאלט און דער אונבעקאנטער האט איהר דערלאנגט מיט דער האנד איבער'ן פנים און איז גלייך נאכרעם אויגענבליק נעגאנגען פליסה.

אויפגעוועקט פון דער דיענסטס געשריי האט דער אדוואקאט דערזעהען פון פענסטער א מאנספערזאן ארויסגעהן פון טויער מיט שנעל-איילענדיגע טריט. ער איז געווען אנגעטוהן אין א שווארצען פאלטא מיט א פאקענעם קאלנער מיט אזא היט און געטראגען קאלאשען.

ווען מ'האט דערנאך בעטראכט די קיך-טהירען האט מען דערזעהען, אז די טהירען זענען אויפגעבראכען און ארויסגעהויבען געווארען פון די זאוויאסעס. דאס איז זיכער געווען די ארבייט פון א העלרישען פארשוין, ווייל די טהירען זענען שטארק געבויט און געווען גוט פערפעסטיגט. מ'האט אויך דאן בעמערקט, אז דאס עלעקטרישע גלעקעל ביי די פראנט-טהיר איז קאליע. ערשט איצט איז קלאר געווארען וואס יענער שוואכער קלינג מיט א שעה פריהער האט בעדייט. דאס האט יענער חברה-מאן בכוונה צעשעדיגט דאס גלעקעל, מורא-האבענדיג טאמער קומט עמיצער אונטער און וועקט אויף די שלאפענדיגע. ווען ער האט זיך געהאט אפגעפערטיגט מיט'ן פראנט-צוגאנג איז ער אוועק צו דער קיך. ווי עס ווייזט אויס האט ער שוין געהאט ארומשפאצירט איגוועניג און האט ארויסגעדרעהט די עלעקטרישע גלעזלעך, וועלכע האבען טאקי געפעהלט. צוליעב דעם איז געווען פינסטער אין א טייל שטיבען בשעת די דיענסט האט אויפגעהויבען א געוואלד און די שטוב-מענשען האבען זיך אין דער פינקעל נישט געקענט אין ערשטען מאמענט אריענטירען וואס ס'איז פלוצלינג געשעהן.

די ביידע זאכען: דער אנאנימער בריעף מיט'ן איינברוך אין קיך האבען מיט זיך א שייכות – מיט דעם פערנעמט זיך איצט די פאליציי.

---

ריגע קאוואלערן, וואס הייבען די פיס די פיס ביי יעדען הייזעריגען טאנגא פון א גראמאפאן, ניין, דאס זענען די קינדער פון א פאלק, וואס טאנצט און פרעווט זיך נישט אזוי ווייט מיט'ן צוריקקעהר אין דער מוטער-שויס, ווי נאך דער בעפרייאונג פון די גלות'דיגע שקלאפען-קייטען...

## „מיס ראדאם"

הכלל, מען מוז מאכען אנ'אבנויג פון אלע חקירות און א ביסעל איינוועגרען וועגען אונזער „מיס ראדאם". ווארום שוין איינינע וואכען ווי איבער די ראדאמער גאסען טראגט זיך א נעפילדער. עס ליארמען די צייטונגס-שקצים-לעך וועגען דעם שעהנהייטס-קאנקורס, וואס דער „דזיען דאברי" האט ארגאנזירט און ענדלעך האט מען שוין דעם הייניטיגען וונטאג מיט מזל אויסגעוועהלט „דאס שענסטע מיידעל פון ראדאם"...

עס לאזט זיך אבער נישט זאגען בהחלט אז „דאס איז די שענסטע", ווייל שעהנהייט איז, כידוע, א געשמאק-זאך און דאס, וואס ביי איינעם אין די אויגן קאן אויסזעהן פאר זעהר שעהן, קאן ביי א צווייטען און די אויגען גאר נישט אזוי שעהן אויסזעהן. איבריגענס, האבן זיך דאך נישט אלע מיידלעך פון אונזער שטאדט בעטייליגט אינם קאנקורס. מען קאן זאגען, אז דער גרעסטער טייל יודישע מיידלעך, צווישען וועלכע עס געפונען זיך זיכער פיעל שעהנע האבן נישט געוואלט זייערע קערפערט עקזאמינירען פאר די זשוריס פון „דזיען-דאברי", פשוט דערפאר, ווייל דאס שטעהט אין א שטארקען ווידערשפרוך מיט די מדות פון בושה און צניעות, וועלכע האבען דורות לאנג אזוי שעהן בעצירט די יודישע טעכטער.

און מען דארף אויך וויסען, אז דארט אין דער פראנצויזישער רעפובליק, די קוועלע פון די דאזיגע „קעניגענס", איז דאס א נאציאנאלער מנהג, אזא מין פאלקס-שטיפעריי אויסצוקלויבען א „קארנאוואל-קעניגין", ווי ס'פלעגט אמאל אין אונזערע ישיבות, למשל, אויסגעקליבען ווערען א „פורים-רב", וועלכען דער ראש-ישיבה אליין האט רבי גערופען, כדי מיטצומאכען דאס שפיל פון די תלמידים, וואס האבען זיך ערלויבט איין מאל אין יאהר, אין דעם טאג פון „עד דלא ירע", א שטיף צו טוהן.

נור ווי בעוויסט איז די גאנצע מעשה מיט'ן שעהנהייטס-קאנקורס בלויז א טריק פון א צייטונג איהר טיראזש אויפצוהויבען, וואס איז נאטירליך קיין עולה נישט.

**אביחיל.**

---

# יונגרעמאן זיך דערשראקעז פארן „להכניסו בבריתו של אברהם אבינו"...

## ער האט מורא צי ער וועט נישט מאכען א ברכה איבער א פרעמד קינד.

זיי האבען זיך געלאזט געהען צום רב און האבען זיך געקריגט א גאנצען וועג.

ער, א קליין דאר יודעל חי א גרוגרות דרבי צדוק, זי — א יודענע, ברייט ווי דאס ראטהויז, און טאקע א יפהפיה דערצו.

נאך דעם פארעל האבען זיך נאכגעשלעפט א גאנצע הבריא קרובים, שכנים און בעקאנטע. איין טייל בעהויפטעט, אז ער איז גערעכט און דער צווייטער טייל אונטערשטיצט דאס ווייבעל.

ווער גערעכט, וואס גערעכט, וועגען וואס האנדעלט זיך דאז — ווערען מיר אויך נייגעריג.

דאס פארעל געהט זיך גט'ן — ענטפערט אונז א יוד מיט א געלער באָרד גאנץ בהרחבה'דיג, גלייך עס האנדעלט זיך דא וועגען א ביינעל פאר 5 גראשן.

— פארוואס?

— פארוואס? — ענטפערט אונז א גראבע יודענע אויך מיט א פראגע — קוקט זיך אן דאס פארעל און איהר וועט זעהען, צי זיי דארפען זיך נישט גט'ן! זעהט דעם מאנספערשוין מישטיינס-געזאגט און קוקט אן דאס ווייבעל קיין עין הרע, טא וועט איהר שוין אליין וויסען, פארוואס זיי גט'ן זיך!

— אבער פארוואס האבען זיי זיך ערשט איצט דערמאנט? — פרעג איך — איך דערקאן אין זייער פנים, אז זיי קוקען נישט ערשט וואס פון דער חופה?

דא האנדעלט זיך וועגען אנ'אנדערער זאך – ערקלערט אונז א ווייבעל פון מאנ'ס זייט — נישט די שווארץ-חנ'ווריגע יפהפיה וויל אוועקווארפען איהר מאן, נאר ער נעביך, א עהרליכער און ארבייטזאמער מענש וויל נישט וואוינען מיט אט דער דאזיגער... – זי האט זיך נישט אויסגעפיהרט...

אבער דוכט זיך מיר — האב איך אוועקגערופען אין א זייט א יוד פון דער זעלבער חברה — אז דאס ווייבעל איז מעוברת.

— אט האט ער ענטדעקט אמעריקא — וועגען דעם האנדעלט עס זיך דאך! דער יונגערמאן טענה'עט, אז נישט ער איז אין דעם שולדיג... און דערפאר וויל ער זיך טאקע גט'ן.

פון וואנעט ווייסט ער אזוי זיכער אז נישט ער איז דער טאטע פון דעם קינד, וואס זי וועט געבוירען.

— פעדלאזט זיך אויף איהם? ער

וייסט שוין וואס ער רעדט!

— אבער ווי אזוי גט מען זיך עפעס מיט א ווייב אין דער צייט, ווען זי איז מעוברת?

דער יונגערמאן דער בעל-דבר אליין האט דערהערט אונזער שמועס און האט גענומען א ווארט:

— איהר זענט א מילדער פאר יענעמס וועגען, הלוואי זאל זיך אייך טרעפען אזא מעשה. מיר וואלטען שוין דעמאלס געזעהען, צי איהר וואלט גערעדט אזוי קאלטבלוטיג.

איך בין — דערצעהלט ער ווייטער — א גאנצען טאג נישטא אין דער היים, איך בין ביי דער ארבייט. איינמאהל בין איך געקומען בין השמשות אהיים און האב דארט אנגעטראפען א יוגנד-פריינד פון מיין ווייבעל. זייער פערהאלטען זיך בעת מעשה בין איך נישט מחויב אייך צו דערצעה"ען... עס איז אריבער א געוויסע צייט און מיין ווייבעל האט זיך אנגעהויבן צו קלייבען ווערען א מוטער

— אבער — האב איך געפרובט בערוהיגען דעם יונגערמאן — ווארט איבער די געבורט און דאן וועט איהר מאכען די נויטיגע שריט.

— און טאמער וועט געבוירען ווערען א יונגעל און איך וועל דארפען מאכען די ברכה „להכניסו בבריתו של אברהם אבינו“

— גלויבט מיר, איהר וועט נישט האבען קיין שום עבירה, אויב איהר וועט מוזען מאכען די ברכה! א סך א גרעסערע עבירה איז מבייש צו זיין דאס ווייבעל צוליב א ספק.

מיר זענען פון דעם יונגערמאן ווייטער געוואויר געווארן, אז ער האט שוין א טאכטער פון א יאהר 7, וואס געהט שוין אין דער ערשטער פאלקס-שול-קלאס.

עס האט נישט לאנג גענומען און דער יונגערמאן האט זיך געלאזט איינרעדען, אז ער זאל איצט מאכען קיין שום סקאנדאלען און דאס פארעל צוזאמען מיט די איבריגע בעלייטער האבען געמאכט „השיבנו“ פון טויער פון רב.

צי דאס פארעל וועט שוין מעהר נישט קומען צום בית-דין וועט די צוקונפט דעוויזען. דערווייל דארף דאס ווייבעל האבען א גוטע קימפעט...

# אבקלאנגען פון די קהלה-וואהלען.

## פראקוראר פיהרט אנ' אויספארשונג

נאך דעם ווי ס'איז בעקאנט געווארן דער רעזולטאט פון די לעצטע קהלה-וואהלען אין ראדאם זענען אין דער סטאראסטווא, ווי בעוויסט, איינגעפלאסען רעקורסען און אנקלאגעס מצד דער אפאזיציע. די סטאראסטווא האט דעריבער פעראררענט דורכצופיהרען אנ'אויספארשונג און ס'זענען דאן גערופען געווארן א געוויסע צאהל פערזאנען צו געבען אויסקלערונגען פארוואס זיי קוועסטיאנירען די וואהלען.

צווישען די, וואס זענען אויסגעהערט אין רער סטאראסטווא איז געווען דער ה' י. זילבערשטרום, וועלכער האט אין זיין ערקלערונג פארגעווארפען דער היינטיגער גמינע שווערע בעשולדיגונגען. היינטיגע וואך איז ה' זילבערשטרום גערופען געווארן אין דער פראקוראטור ער זאל אנווייזען די טעמים און מאטיווען אויף וועלכע ער שטיצט זיינע בעשולדיגונגען. ה' זילבערשטרום האט איבערגעגעבן'ס זיינע בעשולדיגונגען פון וועלכע ער ציהט זיך נישט צוריק און אנווייזענדיג די סבות וועלכע האבען איהם בעוואוינגען ארויסצוטרעטען מיט א בעשולדיגונג'ס-אקט געגען דער גמינע. האט ער אויסגעדריקט זיין פערלאנג, אז זיין אנקלאגע זאל איבערגעהן אין געריכט.

נעכסטן זענען גערופען געווארן אויף א פערהער אין דער פראקוראטור די ה"ה יצחק ביאלסקי, משה הערשבערג מאיר נייהויז און חיים זילבערבערג.

# אין ראדאם זענען דא צוויי סטאראסטוועס:

## א פאוויאטאווע און א שטאדטישע.

ביז היינט איז אין ראדאם געווען איין סטאראסטווא פאר דער ארומיגער פראווינץ (פאוויאט) און פאר דער שטאדט גופא. פון ניי-יאהר אן 1933 איז די שטאדט ראדאם אבגעטיילט געווארען פון פאוויאט און פאר יעדען פון זיי איז בעשטימט געווארן א בעזונדערע סטאראסטווא.

דער נייער רעפארם איז ענטשטאנען אויפ'ן גרונד פון א פעראררדנונג פון מיניסטארען-ראט נאך פון פאריגען יאהר.

אין דעם הינזיכט איז ראדאם נישט קיין יוצא מן הכלל, ווייל די פעראררדנונג איז חל נאך אויף א גאנצע רייהע שטעדט.

אין הסכם מיט דער דערמאנטער פעראררדנונג האט אין ראדאם שוין אנגעהויבען פונקציאנירען די שטאדטישע סטאראסטווא.

אנצופיהרען מיט דער טהעטיגקייט פון דער שטאדטישער סטאראסטווא האט דער אינערן-מיניסטער אנפערטרויט דעם פאוויאטאווען סטאראסטע ה' מאטשקאווסקי.

אלס בעאמטע אין דער שטאדטישער סטאראסטווא, זענען געווארען צוגעטיילט די ה"ה: ד"ר שיצער, פיאנטעק פיעזשכאלסקי, בעסקער. גוואזשדזאווא פאוולאווסקי און ווילימאוויטש.

די שטאדטישע סטאראסטווא וועט זיך פערלויפיג געפינען אין דער געביירע פון פאוויאטאווע סטאראסטווא (זשעראמסקי 53)

מחמת דעם, וואס אלע פערשידענע ענינים, וועלכע זענען ביז איצט ערלעדיגט געווארען דורך איין אינסטאנץ — דער פאוויאטאווע סטאראסטווא, ווערען פון היינט אן איינגעטיילט געווארען אין צוויי סטאראסטוועס, איז וויכטיג, אז די אינטערעסאנטען זאלען לעגען אכט ביים אריינטראגען זייערע בקשות צו וועלכער סטאראסטווא זיי בעלאנגען, צי צו דער פאוויאטאווער. אדער שטאדטישער.

# ווענדן זיך נאך הילף צו בענק, עלעקטראווניע און צו דער גמינע

## פון דער אלגעמיינער פערזאמלונג אין סוחרים-פעראיין

די אלגעמיינע, יעהרליכע פערזאמלונג אין סוחרים-פעראיין, פאריגען זונטאג, האט צוגעצויגען א גרויסען עולם פון די ראדאמער יורישע סוחרים.

ביי א איבערפולטען זאל האט געעפענט די פערזאמלונג ה' פיאטר פרענקיעל. וועלכער האט פארגעשטעלט די טרויעריגע לאגע פון סוחרים-פעראיין און גלייכצייטיג אנגעוויזען די אויפגאבע וואס די יעצטיגע פערזאמלונג האט, אום כדי צו דערהאלטען די סוחרישע אינסטיטוציע און נישט לאזען איהר אינטערגעהן.

מיט א לענגערע רעדע טרעט ארויס דער פארזיצענדער פון דער פערזאמלונג, ה' ש. כוואס, וועלכער שילדערט אין שווארצע פארבען דעם מצב פון יודישען סוחר און ווייזט אויך אן אויף די סיבות, וועלכע האבען גורם געווען אז דער סוחרים-פעראיין זאל זיך געפינען ממש אין אזא פאטאלע לאגע וואס מ'קאן אנרופען די לעצטע מינוטען פון גסיסה. עס הערשט א פערגלייווערטע אפאטיע ביי די מיטגלידער, וועלכע פיהלען נישט די נויטווענדיגקייט צו דערהאלטען די איינציגע פלאצובקע אין שטאדט, וואס זאל שטעהן איף דער וואך און פערטיידיגען די ברענענדע אנגעווייטאגטע פראגען פון אידישען סוחר. אבער מ'קאן שוין באלד דאס פערשטעהן, ווען מען זעהט די כסדר'דיגע פויפעריזאציע און די ארימקייט-כוואליע ווי זי שוועבט איבער ווי א מבול די לעבענ'ס-פונדאמענטען, די רעשטלעך עגזיסטענצען פון די יורישע סוחרים, וועלכע זענען פשוט נישט בייכולת צוליעב זייער קאטאסטראפאלע לאגע אויפצוהאלטען זייער ארגאניזאציע. מ'קאן טאקע נישט איננאנצען בערעכטיגען די הערשענדע אפאטיע ביי די סוחרים צו זייער פעראיין, אבער ווי שטערצליך איז עס טאקע, ווען ביי א סך יורישע סוחרים איז א זלאטי, אפילו 50 גראשען, געווארען א מטבע אויף וועלכע מען דארף שווער קעמפען און נאכהער דאס אבשפארען אלס מיטגלידס-אבצאהל, פאר'ן פעראיין וואלט געווען פאר איהם א צו-שווערען קרבן, וואס ער קען ביי זיין בעסטען ווילען נישט אוועקגעבען.

ה' כוואס זאגט זיך דעריבער ארויס, אז ער זעהט נישט איין, אז פון אינוועניג זאל דער סוחרים-פעראיין קאנען צוריק אויסגעשטעלט ווערען. נישטא

# צוזאמענפאהר פון קאמארניקעס אין ראדאם

די טעג איז פארגעקומען א צוזאמענפאהר אין ראדאם פון אלע קאמארניקעס פון גאנצען ארומיגען קרייז.

די אויפגאבע פון צוזאמענפאהר איז געווען צו בעקענען די אמטירענדיגע קאמארניקעס מיט די כללים פון דעם ניי-איינגעפיהרטען ציוויל-קאדעקס, וועלכער איז נוגע דאס אויספיהרען עקזעקוציעס.

די קאנפערענץ איז גערופען געווארן לויט דער איניציאטיוו און אנגעפירט געווארן אונטער דער פארזיץ פון פרעזעס פון היגען קרייז-געריכט אדאם באבקאווסקי.

א רעפעראט וועגען די ניי-פערפליכטעטע פארשריפטען האט געהאלטען דער ריכטער פון קרייז געריכט ה' יאראסלאוו דובזשינסקי, וועלכער האט אויך אויפגעקלערט די קאמארניקעס פערשידענע צווייפעלהאפטע ענינים אין דער עקזעקוציע-פראצעדור.

די קאנפערענץ, ווי אויך די בעראטונגען, זענען פארגעקומען אין די זאלען פון קרייז-געריכט.

קיין אנדערער אויסוועג ווי צו ווענדען זיך נאך אויסערליכע הילף. ער לעגט פאר, אז די סוחרים זאלען זיך ווענדען צו די באנק-אינסטיטוציעס, עלעקטראוניע און צו דער גמינע זיי זאלען קויפען צו הילף די סוחרים-אינסטיטוציע וועמענס מיטגלידער זיינען אויך מיטגלידער אין פערשידענע בענק; אבאנעמענטען אין דער עלעקטראווניע און אויך עטאט-צאהלערס פון דער גמינע. די יודישע סוחרים — קומט ה' כוואט צום אויספיהר — האבען דאס פולע רעכט דאס צו פערלאנגען און מען ברויך זיי דאס אנטקעגענקומען.

ה' ב. האנפבערג טראגט אריין א פארשלאג, אז די קומענדיקע נייע פערוואלטונג זאל אנגאזשירען א געצאהלטען קעראווניק, וועלכער זאהל שטענדיג אמטירען אין סוחרים פעראיין און זיין גרייט צום דיענסט פון די סוחרים און אין יעדען נויטיגען פאל אינטערווענירען פאר זיי.

דער פארשלאג ווערט איינשטימיג אנגענומען.

א פאר ריהרענדע ווערטער האלט דאן ה' סטערען, וועלכער שטעלט פאר די פערצווייפעלטע לאגע פון די שפיין און קאלאניאל-געוועלבלען, וועלכע פערמאגען נישט זייער אייגענס קיין 30 זל. און מען צווינגט זיי אויסצוקויפען פאטענטען פאר 90 זל. ער אפעלירט צו דער פערוואלטונג זי זאל זיך ווענדען מיט א מעמאריאל צו דער יורישער קאלא זי זאל אינטערווענירען אין פינאנץ-מיניסטעריום אריינצוגעהן אין דער לאגע פון די דאזיגע סוחרים, וועלכע זענען ממש בעדראהט פון פילשטענדיגען אונטערגאנג.

צו סאלידאריטעט און צו אינערליכע קאנסאלידאציע צווישען די סוחרים רופט ה' מערין. ס'דארף הערשען עטישע בעציהונגען צווישען די סוחרים, וועלכע דארפען אפעקווארפען די נישט סאלידע קאנקורענץ, וואס גראבט אונטער זייער אייגענער עגזיסטענץ.

ה' פיאטר פרענקיעל נעמט דאן א ווארט און בעלויכט אויספיהרליך דעם פירוש פון פאראגראף 280 וואס איז נוגע דעם נייעם רעפארם איינצופיהרען האנדעל ספיכער.

די אויסערגעווהנליכע פערזאמלונג ווערט פערענדיגט מיט וואהלען צו א נייער פערוואלטונג און ראט.

אין די פערוואלטונג ווערען געוועלט פאלגענדע פערזאנען די ה"ה: מערין, כוואט עזריאל גראספעלד, ס. הארוויטש, סטאניטלאוו קיראווער, משה מרגליות, טעפערמאן, באקמאן, פינקעלקרויט, ש. ראזענבערג, יונה גאלדבערג און א. ב. פוקס.

אין ראט זענען אריין די ה"ה: פיאטר פרענקיעל, ל. מרגליות. משה קליינמאן, אהרן גאלדבערג, ב. האנצבערג, אלעקסאנדער קאמינער, הענעך שטערען, ב ווײנשטאק, ס. פעדערמאן דוד קארמאן, מ. לאנגער, ברעסלאוער, קאלקשטיין, פעפער, מ. טייכמאן.

לויט דער שטימונג, וואס האט געהערשט אויף דער פערזאמלונג, האט מען געקאנט פעסטשטעלען, אז קיינעם וואלט נישט ניחא געווען און יעדער וואלט שטארק בעדויערט דעם אונטערגאנג פון דער סוחרים - אינסטיטוציע. די פערזאמעלטע האבען מיט דאנקבארקייט אויפגענומען דעם פאקט, וואס ס'געפינען זיך נאך מענשען, וועלכע פעראינטערעסירען זיך נאך און ווילען נישט ארלאזען די הענד. אלע האבען אויסגעדריקט די גרייטקייט בייהילפיג צו זיין ווי ווייט מעגליך ביים רעארגאניזירען דעם פעראיין.

## א פראצעס ביי פערמאכטע טהירען.

אין היגען קרייז-געריכט איז ביי פערמאכטע טהירען בעטראכט געווארען א פראצעס געגען די איינוואוינער פון דארף זאבארוב (ראדאמער גמינע) סטעפאן ניטקא, אדאם קוויטניעווסקי קוויעטשינסקי און דאלענגא, פערגוואלדיגט א אומשולדיג מיידעל, א געוויסע מאריא ארליצקא פון זעלבען דארף.

דער ערשטער, סטעפאן ניטקא, איז בעשולדיגט געווארען, אז ער האט ביי דער מיטהילף פון זיינע צוויי קאלעגען קוויעטשינסקי און דאלענגא, פערגוואלדיגט א אומשולדיג מיידעל, א געוויסע מאריא ארליצקא פון זעלבען דארף.

סטעפאן ניטקא איז פערמשפט געווארען אויף דריי יאהר תפיסה און זיינע חברים אויף צוויי יאהר.

## קלארא סעגאלאוויטש אין ראדאם.

מארגען שבת-צו-נאכט טרעט אויף נאר אויף איין נאכטראל אין טעאטער „ראזמאיטאשטשי" די בעריהמטע ארטיסטין קלארא סעגאלאוויטש.

די פיעסע וואס וועט אויפגעפיהרט ווערען איז א נייע אקטועלע זאך מיט א אינטערעסאנטען אינהאלט און דראמאטישע אקציע.

קלארא סעגאלאוויטש איז אין ראדאם א פנים חדשות, אבער איהר נאמען איז גוט בעקאנט אויך דעם ראדאמער טעאטער פובליקום פון הערען און זעהן זי אויף די ווארשאווער טעאטער-ביהנעס.

מיט קלארא סעגאלאוויטש שפיעלט מיט א גוט-צוגעקליבענער אנסאמבל וואס בעשטעהט פון די בעקאנטע ארטיסטען יעקב מאנדעלבליט, אברהם וואלפשטאט און מ. פישמאן.

## א ראדאמער ליטעראַרישער זשורנאַל

די טעג איז אין ראדאם ערשינען א ליטעראַרישער זשורנאַל א. נ. „ליטעראריש ווינקעלע". אין דעם זשורנאַל קומען אריין לידער און ערצעהלונגען פון שטיימאן, אונגער. ארטש. ווײנטרויב א. אבר.

## הנחה-בילעטן אויף די אויטאבוסען-קאלעיאווע

די דירעקציע פון די אויטאבוסען קאלעיאווע פראיעקטירט איינצופיהרען הנחה-בילעטן אויף די ליניע ראדאם ווארשא.

דער פראיעקט בעשטעהט אין דעם וואס עס וועלען ארויסגעגעבען ווערען ביכלעך וועלכע ענטהאלטען 10 בילעטען פאר דער פרייז פון 100 זל. אויף וועלכע מיוועס קאנען מאכען 10 רייזעס אנשטאט וואס היינט קאסטען אזעלכע רייזעס 110 זל.

פאר די וואס פאהרען אפט קיין ווארשא וועט דאס זיין זעהר א גרויס געווינס.

4

# ערד פאר דער פיפטער עליה! העלפט אויסלייזען דעם באדען פון א"י פון פרעמדען בעזיץ

KINO DZWIĘKOWE „CZARY"

OD PONIEDZIAŁKU 9 STYCZNIA
i dni następnych
LIONEL BARRYMORE
NANCY CARROLE
w filmie p. t.

**CZŁOWIEK KTÓREGO ZABIŁEM**

NAD PROGRAM
**TOM MIX**
p. t.
**W KRZYŻOWYM OGNIU**

---

*Biuro Próśb i Podań*

p. f. **„EXPRESS"**

RADOM ŻEROMSKIEGO 9

**Załatwia**
Sprawy paszportowe
Mieszkaniowe
Wszelkie Tłumaczenia
i inne

**Redaguje Podania**
Do Władz Sądowych
Skarbowych
Administracyjnych
i Wojskowych.

Windykacje należności w całej Polsce.
**Informacje o zdolności kredytowej**
Przepisywanie na maszynach.
**Prowadzenie Buchalterji**
Biuro czynne od godź. 9-ej rano do 7-ej wieczór

---

# פרנסה בריוה פאר יעדען!

100 גאנגבארע ארטיקלען צו פאבריצירען. לערנט זייער לייכט אויס אונזער נייע ערשינען בוך

# דער הויז פאבריקאנט

פון ש. קאמינסקי

דאס בוך ענטהאלט 10 טיילען.

1) זייף פראדוקציע — 10 סארטען זייף
2) טינט, טוש און פאסטע - אויסארבייטונג — טינט, העקטאגראפען טוש און פאסטע
3) שאקאלאד-אויסארבייטונגען — שאקאלאד, איריס, מארמעלאד.
4) אייל - פראדוקציע — פאקאס, זייף צו געזייפיגען פלעקען, סאדעס, ברען-אייל, זשעפאק-אייל
5) זיסע פליסיגקייט אויסארבייטונג — חיין, קעפיר, האניג, קיטאס א. א. ח.
6) לאדעס און קאלטע געטראנקען — 6 סארטען לאדעס און פערשידענע קאלטע געטראנקען
7) ווי אזוי מאכט מען קונסט-האניג. מעד און ליקער — קונסט האניג, הארטער האניג אין פעקלעך, מעד, קאלטע ליקער, קארטאן ליקען הייסער פאנטש, קאלטער פאנטש, גרויזע ביער, האניג שאמפאנער, קעפיר.
8) ווי אזוי מאכט מען כאלווע, מארמאלאד און צוקערלעך — כאלווע, כאלוע מיט סעזאם אייל, מארמעלאד, צוקערלעך, טריקענע הייוען, געפישטע קאווע, ציקאריע, קינסטליך אייז.
9) וואגען-שמיר, גומי-אראביק קיט — וואגען שמיר, ענגלישער וואגען שמיר גומי אראביק, קיט, סינדעטיקאן, סם פאר מייז, א מיטעל געגען פרירען פון שויבען, גלאזור, דאק פולחער.
10) קאסמעטיק פאבריקאציע — פערפום, קעלניש - וואסער, פודער, שמינקען, פארב צו די האר, פאסטע צו די ציין טואלעט זייף

פרייז פון יעדען ביכעל 1.85 זל.
אלע 10 ביכלעך צוזאמען אנשטאט 18.50 זל.
אין משך פון דעם מאנאט נור — 10 זל.
אויף נאכנאמע ווערט נישט געשיקט.
דאס געלד איינצאלען אויף פ. ק. א. ג. 12.505 בעקומט איהר דאס פערלאנגטע ביך אויפ'ן דריטען טאג (שטרענג פינקטליך)

**Księg. i Wydaw. T. JAKÓBSON M. GOLDBRG**
**WARSZAWA Nalewki 35 P.K.O. 12.505**

---

# ראטעוועט דאס געזונד

די בארימטסטע ערצטליכע וועלט - פערזענליכקייטען האבען פעסטגעשטעלט, אז 75 פראצ. קראנקהייטען ענטשטעהען צוליב אבסטרוקציע.

א קראנקער מאגען איז די הויפט-סיבה פון ענטשטעהען פון פיל. קראנקהייטען, פערגומרייניגט דאס בלוט און שאפט א שלעכטע שטימונג.

די בערימטע זייט 50 יאהר אין דער גאנצער וועלט Zioła z gór Harcu Dr. Lauera ווי דאס האבען בעשטעטיגט די פראפ. פון בערלינער אוניווערזיטעט ד"ר מארטין, ד"ר האכפלעטער און א סך אנד. בעדייטענדע דאקטוירים, זענען אן אידעאל מיטעל געזונד צו מאכען דעם מאגען, בעזייטיגען די אבסטרוקציע (פערהארטונג), איז א גוט רייניגונגס-מיטעל, פערלייכטערן די פונקציעס פון די פערדייאונגס-ארגאנען, פערשטארקן דעם ארגאניזם און דערוועקן דעם אפעטיט.

Zioła z gór Harcu Dr. Lauera בעזייטיגען די ליידען פון די לעבער, נירען, גאל-שטיינער המארויד-ליידען, רעוומאטיזם און ארטעריטיס, קאפ-ווערטאג, אויסשיטען און ליסאיעס.

Zioła z gór Harcu Dr. Lauera זענען געווארען בעשאנקען אויף די ערצטליכע אויסשטעלונגען מיט די העכסטע אויסצייכנונגען און גאלדענע מעדאלען אין באדען, בערלין, וויען, פאריז, לאנדאן און אין אנדערע שטעט. ד"ר לאוער האט בעקומען טויזנדער דאנקזאגונגען פון אויסקורירטע פרייז פון א האלב שאכטעל 1.50 זל., א דאפעלטע שאכטעל 2.50 זל. — פערקויף אין אפטייקען און סקלאד-אפטייקען.

---

די נייעסטע און שענסטע

# „טאפעטען"

אויף צימער-טאפעטירונג
בעדייטענד ביליג

פער-קויפט **ש. שטיינמאן**
ראדאם, לובלינער № 21
ביטע זיך צו ערקונדיגען

---

# „הימלאזט" אין „אפאללא"

אין קינא „אפאללא" ווערט דעמאנסטרירט דער גרעסטער פילם-שלאגער פון דער סאוועטישער פראדוקציע „הימלאזע" דאס בילד ווייזט אונז די איגנעהוירע פלאג פון דעם הייטעריק וואס רופט זיך די וואנדערענדע קינדער וואס האבען פערפלייצט רוסלאנד אין וואס פאר א מיטלען עס איז אנגענומען געווארען פון זיי צו מאכען פראדוקטיווע בירגער. דאס שפילען און די רעזשי און די נאטירליכע בילדער מאכען א שטארקען איינדרוק.

„הימלאזט" דאס איז א בילד גענומען פון דער גראהזער הארטער ווירקליכקייט אין וועלכען עס שפיגעלט זיך אפ אין דער נאטירליכסטער פארם דאס הפקרדיגע לעבען פון קינדער, וואס זאפען אין זיך איין די פערדארבענסטע זיטען פון דער צושטורעמטער גאס - וואסכאנאליע מיט אלע אירע דעמאראליזירטע אייגענשאפטען און ווי אזוי מען ראט-אויס דורך ערציהונג אין ספעציעלע אנשטאלטען זייערע איינגעווארצעלטע שלעכטע אינסטינקטען, פערוואנדלענדיג זיי אין שעפערישע פראדוקטיווע און ניצליכע בירגער.

„אפאללא" איז יעדע נאכט אי-בערפולט איבער די ברעגעס און די בעזוכער ווערן פשוט ענטציקט פונם בעלפרעדען אינהאלט.

---

**ODCISKI**
zgrubiałą skórę i brodawki
usuwa bez bólu i bez-
powrotnie znany od ½ wieku
**KLAWIOL**
FABRYKA CHEM.-FARMACEUTYCZNA
„AP. KOWALSKI", WARSZAWA

---

Kino „CORSO"

Od Poniedziałku 9 Stycznia
i dni następnych
**Potężna arcydzieło doby obecnej**

Kino „CORSO"

# RASPUTIN

w roli głównej **Aleks. Malikow, Natalja Lisienko, Liana Kasyjna,**

Jako drugi **100 METRÓW MIŁOŚCI** w roli głównej **Pogorzelska, Dymsza, Lewiuska, Tom, Kalinówna, Ankwicz.**

Redaktor i Wydawca CH. M. HERC

Wydawnictwo „Radomer-Kielcer Leben" Radom Szwarlikowska 20